„RADOMER-KIELCER LEBEN" 1 (191) „Należytość pocztową uiszczono ryczałtem" יאהרגאנג  נומער  פרייז 25 גראשען

הייגט 10 זייטען.

אדרעס
פון „ראדאמער־קעלצער לעבען"

Redakcja i Administracja
„Radomer Kielcer Leben"
Radom, Szwarlikowska 20.

Oddział w Kielcach.

אנאנסען פרייזן:
איין מילימעטער שורה: פאר'ן טעקסט 30 גר.
„ „ „ אין „ 40 „
„ „ „ נאכ'ן „ 18 „
די ערקלערונג און לעצטע זייט ענטהאלטען 8 שפאלטען
אין טעקסט 4 „

# ראדאמער-קעלצער לעבען

ראדאם פרייטאג י"ג טבת תרפ"ח ◆◆ פאר'ן אינהאלט פון סעקרעט אין די איינזענדונגען איז די רעדאקציע נישט פעראנטווארטליך ◆◆ 6-go stycznia 1928 r.

Z intencji zaślubin naszej koleżanki
**Bell Pomerańcówny** z kolegą **J. Helcmanem**
harmonji dusz i wiecznego zadowolenia
życzą koleżanki i koledzy
P. J. Frydman, G. B. Rozencweiżanki
I. Przemysławówna, J. Eizenberg.

די חברה „כנסת ישראל" וואונשט איהר גבאי ראשון
ר' מרדכי קאטליאר מיט זיין פרוי א הערצליכען
מז"ט צו די תנאים פון זייער זוהן און דעם
חתן מיט די כלה א גליקליכע צוקונפט.
בשם חברה „כנסת ישראל"
יעקב מאיר קאצמאן גבאי שני.

פאר די גליקוואונשונגען אין „ראד. קעלצער לעבען"
№ 50 פון פרייטאג ו' טבת תרפ"ח צו דער פערלאבונג
פון אונזער זוהן דריקען מיר אויס די אלע חברים
פון יודישען האנדווערקער קלוב אין ראדאם, ווי
אויך אונזערע גוטע פריינד א הערצליכען דאנק.
פאמיליע קאטליאר.

צו דער האכצייט פון אונזער ליבען
פריינד יאסעלע העלצמאן
מיט פרל' באלטשע פאמערנץ
ווינשען מיר זיי א גליקליך
און צופרידען צוזאמענלעבען.
דוד גוטמאן און פרוי.

Z intencji zaręczyn kuzynki mojej
**Sali Fürstenberżanki**
— z p. —
**Z. Sobelmanem**
życzę dużo szczęścia
i pomyślności.
J. Eizenberg.

Z intencji zaręczyn
p. **Eli Fuksówny**
z p. **Maurycym Kotlarem**
najserdeczniejsze życzenia składa
Rodzicom i Narzeczonym.
*M. M. Bankier*
**z Rodziną.**

צום פערלאבונג
פון אונזער געטרייע פריינדין
ראזיא בליאסהוינע
וואונשען מיר איהר און איהרע עלטערן
א הערצליכען מזל־טוב.
פאמיליע קאטליאר.

## אויפפאדערונג!

מיר פאדערען אויף דעם געוועזענעם דירעקטאר פון דער האנדווערקער־באנק דעם ה' משה פרענקעל צו ערלעדיגען מיט אונז די רעכנונגען. אין געגענפאל נעמען מיר פון זיך אראב די פעראנטווארטליכקייט פאר די ווייטערדיגע שריט.

די האנדווערקער־באנק.

Z intencji zaręczyn naszej przyjaciółki
**Guci Frydmanówny**
z p. **G. Wyzenbergiem**
życzą szczęśliwej przyszłości
i harmonji dusz
**Zosia Kimmel z mężem,**
**Sala Grosfeldówna,**
**Rózla Eistajn z mężem.**

צו דער פערלאבונג פון אונזער ליבע
קוזינקע רייזיל בלאס (ראדאם)
מיט ה' פנחס פאיאנק (ליבליש)
ווינשען מיר חתן כלה פיעל גליק
און די עלטערן פיעל נחת
פייגע אייגער, יעקב ווייספראס,
פריידמאן נחמיה.

מיר דריקען אויס די פאמיליע מאנדעלבוים
אונזער טיפסטען מיטגעפיהל צוליב דעם טויט פון איער ליבען
פאטער
און מאן
## ג. ע. נתן דוד
זאל אייך גאט טרייסטען!
פאמיליע בירענבוים (לובלין).

## ערקלערונג.

אזוי ווי בייזוויליגע מענשען האבען פערשפרייט קלאנגען, אז איך האב גענומען מכלומרשט באנקראטירען, ערקלער איך, אז דאס איז א געמיינער בלבול, מיט וועלכען מען וויל שאדענען דעם צוטרוי און דעם גוטען נאמען פון מיין לאנגיעהריגע פירמע. וועלכע האט זיך קונה שם געווען ביי אלע מיינע סוחרים און ביי מיין גאנצער ראדאמער קליענטעלע אלס די סאלידסטע, עהרליכע און רעעלסטע. מיט די גרונדלאזע און פאלשע קלאנגען וויל מען איינטערגראבען און רואינירען די עקזיסטענץ פון מיין עהרליכע פירמע, וועלכע האט קיינמאל חלילה נישט צוגענומען ביי קיינעם קיין פחות משוה פרוטה. איך בין מתרה און ווארען די א"ע, דאס אין פאל ווען זיי וועלען נישט אויפהערען צו טרייבען זייער אונערהערטער רכילות וועל איך זיין געצוואונגען זיי צו צוציהען צו געריכטליכע פעראנטווארטליכקייט.

פאר יעדען פראטעסטירטען וועקסעל, וואס די מלשינים הצלען מיר פערשטעלען צאהל איך דאפעלט.

מיט אכטונג שמואל קארמאן
ראווינסקא 23.

**Reginie, Andzi i Mońkowi**
z powodu śmierci Ich MATKI
# SZYFRY GLAT
wyraża szczere współczucie
A. HAJT.

Rodzeństwu GLAT
z powodu śmierci Ich **MATKI**
wyrazy głębokiego współczucia składa
S. HANDELSMAN.

Wszystkim lekarzom Pow. Kasy Chorych,
a w szczególności P. P. Dr. Dr. PURETZOWI
i TRAJGLOWI za troskliwą opiekę lekarską
okazaną niezapomnianej MATCE naszej B. P.
# Szyfrze Frajdzie Glat
podczas Jej przewlekłej choroby
składają serdeczne „BÓG ZAPŁAĆ"
*Synowie, córki, zięć, synowa i wnuki*

Z powodu śmierci Waszej kochanej MATKI B. P.
## SZYFRY GLATOWEJ
wyrażamy głębokie współczucia
*Pinek i Jacób.*

# לאמיר זיך מיישב זיין.

דריי זענען מיר געווען, — אזוי וועט מען אין א פאר חדשים ארום זינגען אויף דער יודישער גאס, גאנצע דריי ליסטעס וועלען מסתם פיגורירען ביי די וואהלען צום סיים און סענאט.

לייענענדיג די ידיעה, וואס מ'ברענגט אונז אונטער פון ווארשא, דערמאן איך זיך די ווערטער, וואס א קליינשטעטלדיגער, וועלכער האט אין ווארשא א זוהן ענ'עסקן, האט געזאגט: „אוי מוז עס אייער ווארשא זיין א שטאדט מיט שוטים, אויב מיין יענקעלע איז דארט א גאנצער קנאקער״..

איצט מוזען מיר אבער זאגען, אז די ווארשאווער האלטען אונז, דעם גאנצען יודישען כלל, פאר שוטים. זיי שטעלען זיך פאר, אז אלץ וואס זיי וועלען דארט אויסטראכטען און אבקלערען וועלען מיר פראוינצער יודען, צושאקלען מיט'ן קאפ און ענטפערען „נעשה ונשמע״. זיי מיינען, אז זיי דארפען נאר דארט זיך אוועקזעצען ביים גרינעם טיש און בעשליסען: מיר געהען אין נאציאנאליסטען־בלאק. מיר געהען אין נאציאנאלען בלאק, מיר געהען מיט אנ'אייגענע סוחרישע ליסטע. מיר שטעלען ארויס א קרעמערשע, א שניידערשע, פילאנטראפישע און פענטאצקע ליסטע און מיר וועלען דערמיט מסכים זיין.

דערווייל האלטען מיר ביי „דריי זענען מיר געווען״. אבער צו די וואהלען איז נאך ווייט, מיר קאנען נאך האלטען ביי פיר און פינף אויך, קיין „גומערוס קלאאוווס״ איז נישטא. יעדער ווער עס קען צוזאמענשטעלען א קאמוניקאט אין דער צייטונג קען ארויסשטעלען א ליסטע, אבער פון די אלע ליסטעס וועט גארנישט ארויסקומען, ווייל אלע חשבונות, וואס די חכמי ווארשא מאכען, וועלען זיי גארנישט העלפען. דער איינציגער חשבון איז, אז אין אלע קרייזען, חוץ ווארשא און לאדז, קען געקליבען ווערען א יודישער דעפיטאט נאר ווען אלע יודישע בירגערליכע שטימעס וועלען זיין פעראייניגט אויף איין ליסטע, היינט וואס העלפען דא די חכמות פון אזא בלאק אדער א צווייטען בלאק, פון די סוחרים־ליסטע אדער האנדווערקער־ליסטע, ווען זיי זענען אלע פער'משפט דורכצופאלען, ווען דער איינציגער פועל יוצא דערפון מוז זיין אז מ'וועט אין דריי חדשים ארום זינגען: „דריי ליסטעס זענען מיר געווען, זענען מיר מיאוס דורכגעפאלען״,

וואס זשע טוט מען, וואס פאר אנ'עצה גיט מען זיך? אפשר וואלט געווען א סברא זיך צו בעפרייען פון דער ווארשאווער אפוטרופסות, זאלען די חכמי ווארשא מיט זייערע ליסטעס און בלאקען שוויצען און מיר דא זאלען זיך פרובען אליין העלפען? ווי אזוי דאס איז מעגליך, וועט איהר פרעגען — גאנץ פשוט: מיר האבען, למשל, ביי אונז, אנ'אייגענעם וואהל־קרייז, וועלכער קען געבען א יודישען דעפוטאט, אויב די שטימעס זאלען ניט ווערען צובראקעלט. לאמיר זיך צוזאמענרעדען, לאמיר רופען א בעראטונג פון די קרייזען, וואס געהערען צו אונזער וואהל ראיאן און ארויסשטעלען אנ'אייגענע ליסטע: אונזער משל וועלען וועלען געוויס נאכטאן אנדערע קרייזען; אזוי ארום וועט ווארשא בלייבען ביי איהר פאליטיק און מחלוקת און יודען וועלען האבען א געהעריגע פערטרעטונג אין סיים.

אויף אזא אופן וואלטען מיר ניט בלויז פערשפארט צו זינגען: „דריי זענען מיר געווען״. מיר וואלטען ניט נאר איין ליסטע געהאט און זי וואלט געווינען דעם מאנדאט, נאר מיר וואלטען אויך געוואוסט, וועמען מיר קלייבען און ווער ס'איז אונזער שליח־ציבור, וואס ביי די בלאקען איז עס ניט דער פאל, ווייל דארט שטים אך פאר'ן רב און אויפ'ן פאטעל אין סיים זעצט זיך גאר דער בעדער...

ווי מיינט איהר, איז עס ניט קיין פלאן? לאמיר זיך מישב זיין, איידער ס'ווערט צו שפעט.

ש. סטופניצקי.



# הינטער די קוליסען פונ'ם אמאליגען מאגאנטען־לעבען אין ראדאם.

19. פון מלך אביון.

## די חסידישע טאכטער ביילקע.

פון וואנען קומט די חסידישע טאכטער ביילקע אין האטעל זשימסקי און דערצו נאך מיט א עסטרייכישען פיינריך?

צווישען די העלדען, וועלכע מיר פיהרען דורך אין אונזער ערצעהלונג האבען מיר שוין נעלעגנהייטלעך פארגעשטעלט די יעצטיגע נייע העלדין ביילקע. איהר פיזיאנאמיע, איהרע חאראקטער־שטריכען און בכלל איהרע מיידעלשע אספיראציעס און פאנטאסטישע פערלאנגען, האבען מיר דאן איבערגעלאזט אין א זייט. איצט ווען מיר האבען זי בעגעגענט אומגעריכטערהייד אין האטעל זשימסקי אין דער געזעלשאפט פון א מיליטערישען מונדור — ערשט איצט ווערט זי פאר אונז ענטפלעקט און ערשט איצט ווערט דורך איהר געעפענט דער פערזיגעלטער שלאס פון דער פערשטעלטער און דער מיט א נעפעל־פערהאנגענער חסידישער פרויען־וועלט.

ביילקע'ן האבען מיר פריהער פארגעשטעלט אלס די טאכטער פון ראדאמער לעדער־סוחר ו׳, דער שותף פון ה' ב. אויף ביילקע'ן האט שוין גאנץ לאנג געווארפען אנ'אויג פרוי ג. איהר שטרעבונג איז געווען צו בעקענען ביילקע מיט'ן אבער־לייטענאנט און איהר כונה איז דערביי געווען אצוצווענדען זיין אויפמערקזאמקייט פון דער מאדאם ב. פרוי ג. האט געציעלט זיך צובעהעלפען מיט דער הערליכער שעהנקייט און גראציע פון ביילקע וועלכע זאל מיט איהר מיידעלשען רייץ פער'כשופ'ען דעם אבער־לייטענאנט און אזוי נאך אומשעדליך מאכען דער מאדאם ב. וועלכע איז לעצטענס אויסגעקלאכט געווארען מיט'ן אבער־לייטענאנט. אזוי אז פרוי ג. האט געזעהן, אז ס'איז שוין קיין כך ווייט, אז זי זאל אינגאנצען אויפהערען שפיעלען דא אין דער פאבריק א ראליע און אנטייל נעמען אין אלע געשלאסענע פעל־און לעדער־שמוגעל־טראנזאקציעס.

פרוי ג. האט געפיהלט ביי זיך, אז מאדאם ב. האט מיט איהר א אלטען חשבון, און אז, האבענדיג צו איהר א פערהאסטען נקמה געפיהל דערפאר וואס זי האט איהר פערראטען צום ערשט ביים אבער לייטענאנט און דערנאך געפאנגען אין איהרע ארעמ'ס איהר אייגענעם מאן דעם ה' ב. פרוי ג. האט זיך דערויף געקענט און זעהענדיג, אז די סיטואציע האט זיך געענדערט פאר איהר ניט צום גינסטען, האט זי דעריבער לעצטענס אויסגעטראכט א צווייטען טייוועלשען פלאן מיט ביילקע.

אין דער צייט אבער, ווען צווישען ה' ב. מיט פרוי ג. האט זיך געוועבט דער נייער פלאן אריינצוציהען ביילקען אין דער נעץ פון זינד און דעמאראליזאציע און זיי האבען געטראכט און געווען זיכער, אז ביילקע איז נאך געוויס א כשר'ע און צנועה'דיגע חסידישע טאכטער — אין דער צייט האט שוין ביילקע אין דער שפיל געפיהרט א פייערדיגען ראמאן מיט א עסטרייכישען פיינריך.

ביילקע, שטענדיג א שטרענג אבגעהיטענע חסידישע טאכטער און שטאמענדיג אליין פון דור דורות חסידישע עלטערען, וועלכע האבען געצויגען א יחוס פון ליטער שמן זית אזש ביז רבישע הויפען — די זעלבע ביילקע וואס איז ערצויגען געווארען אין זעלבען פאטריארכאלישען, רעליגיעז חסידישען גייסט און דערצו נאך בעשאנקען גע־

# נאטיצן.

## די פיקציע פון דער מקוה.

מען דארף באמת האבען ספעציאליסטען מבינים און עקסטרא פיינשמעקער אויף דער סוראגאט-קונסט פון דער שאך-שפילערישער פסעאודא-דיפלאמאטיע, וואס ווערט לעצטענס געטריבען אין אונזער קהל-שטיבעל, די אזוי גערופענע „יבנה וחכמיה". דער פשוט דורכשניטליכער מענש, וואס פאסט אויף אלע לויפענדע טאג-פראגען, אזוי פריוואטע, אינדיווידועלע און אזוי קאלעקטיוו-געזעלשאפטליכע מיט זיין גראדליניגע, פלפול'לאזע לאגיק; יעדער פון אונז איינפאכע דיג-זאג'לאזע מענשען, וואס וויל לערנען קאנען יעדער געשעהעניש און ערשיינונג, אנטאפענדיג זייער מהות, זייער חאראקטער און זייער וועזענטליכען אינהאלט, מיט זיין קלארען פערשטאנד און שכל — יעדער איינער פון דער דאזיגע פראסטע חי וקים'ס, שטודירענדיג און נאכדענקענדיג מיט זיין געזונדען אינסטינקט און קוואליטאטיוו-קריטישען חוש די היינטיגע פאליטיק פון אונזער אנפיהרערשאפט אין אונזער קהל'שען פארלאמענטל, מוז הויבען די פלייצעס, קנייטשען מיטן שטערן און א שטוינענדיגער זיך אליין פרעגען: (נישטא וועמען צו פרעגען אויסער זיך אליין): — וואס פאר א פאליטיק איז עס? וואס פאר א שכל ליגט אין אט די לעצטע אויפטהוערכצען פון די גמינע-פערוואלטער?

מיר וועלען אויסשטעלען איין רינגעלע פון דער גרויסער קייט קהלה-פראבלעמען און אויפגאבען און עס אויסשטעלען פנים אל פנים אקעגען אונז אויסענווייניגסטע, אקעגען אונז די דרויסען-שטעהענדיגע, וואס חאפען א מאהל זעלטען א בליק אריין דורך שמאלע שפארינעס פון די הויכע קהל'שע פענסטער.

אין יעצטיגען מאמענט וועלען מיר אויף א ווייליע זיך אבשטעלען אויף דעם מקוה-פראבלעם, וואס איז אין די לעצטע צייט געווארען אזוי אקטועל, און בענדזין-ברענענדיג ביים פרעזעס פון דער גמינע-פערוואלטונג, וועמענס טהעטיגקייט און הויפט-ארבייט עס בעשטעהט זינט ער האט אויף ס'ניי איבערגענומען צוריק זיין אמט בעיקר נאר צונויפצוזאמלען געלד ביי די עטאט-צאהלער'ס אויף דעם איין-און איינציגען צוועק ווי צו קויפען פאר דעם געלד א פלאץ אויף א מקוה.

איידער מיר טרעטען צו צום עצם-גופא — א קליינע בעווארעניש.

זאלען די לעזער זיך נישט לאזען אריינפיהרען אין קיין טעות פון די יעניגע ה"ה, וואס וועלען בעוואוסטזיניג טענדענציעז קאמענטירען און אריינלעגען א פאלשען פירוש אין די ווערטער וואס מיר שרייבען דא; זאלען די לעזער געני וועלען תופש זיין און פערשטעהען, אז דער שרייבער פון אט די שורות האט דא נישט א וועלכע ס'איז טענדענץ ארויסצוטרעטען געגען מקוואות אין אלגעמיינעם זין פון ווארט; זאלען די לעזער געלאסען און אביעקטיוו איבערלעזען אונזערע שורות און ערשט דערנאך ארויסזאגען זייער מיינונג, דיקטירט פון אויפריכטיגען פערשטאנד און אלזייטיגער ווארהאפטיגקייט.

מיר ווילען דא נאר בעווייזען, אז דאס, וועגען וואס עס פלאנט דער פרעזעס פון דער גמינע-פערוואלטונג וועגען דעם ענין מקוה, אז דאס האט נישט הינטער זיך קיין רעאלען יסוד, און קיין שום פערספעקטיוו פאר ווארהער ווירקליכקייט: אדער מען וויל דא מיט מקוה וואסער מטהר זיין און הייליגען א פאליטישען מאנטעל, וועלכען מען וויל טובל זיין אין מ. סאה, כדי מען זאל איהם נישט ארויסזעהן; אדער דער גאנצער ענין איז א פשוט'ע פיקציע און מען איז דא לגמרי נישט אויסען קיין מקוה אין דעם בוכשטעבליך-ווירקליכען זין פון ווארט, נאר גלאט אזוי דעמאנסטראציע לשם דעמאנסטראציע.

פון אלע טהעטיגקייטען, פון אלע אויפגאבען וואס די היינטיגע גמינע האט גענומען אויף זיך (זאל זיין צוגעזאגט צו נעמען אויף זיך) האט מען זיך לעצטענס גענומען פאר א שפאגעל נייע עובדא — מקוה. מען זאגט עס נישט ארויס בפירוש און ס'איז נאך פאדלויפיג א סוד פאר גאנץ בראד, דער טעם, פאר וואס דאס ווערט מכלומר'שט געהאלטען דיסקרעט איז גאנץ פשוט: מען שעמט זיך אליין איבער כ"ן טעמים. ערשטענס וויל מען דעם מקוה-מאטיוו נישט נעמען אויפ'ן פויק, ווייל דער ענין האט ניט פאר זיך קיין שלאגענדען ארגומענט. ראדאם האט דאנקען גאט דערווייל צוויי מקואות: קהל'ס מקוה און די מקוה פון אדלער'ן. זאלען נאר יודען וועלען אזוי פיעל געהן אין מקוה אריין וויפיעל פלאץ ס'וועט זיך נאך געפונען פאר זיי. האבען דעריבער די מקוה-איניציאטארען א גרונד צו זיין פארזיכטיג און זיי ווילען טאקי נישט מהאי טעמא ארויסטראגען אט דעם ארגומענט פון א נייע מקוה פאר די עטאט-צאהלער, וועלכע מען לאדעט איין אויף וויזיטען אין קהל-שטיבעל זיי זאלען געבען פאראויס געלד פאר די יאהרען 1927 — 1928, פערהיטענדיג זיך פאר'ן בלויזען טאמער — טאמער וועלען די עטאט צאהלער זיך ענטזאגען צו געבען געלד, טענה'דיג, אז ראדאם האט דערווייל מקואות און אויב שוין יא געבען געלד דארף מען עס בעסער פערווענדען אויף אזעלכע זאכען, וואס פעהלען אינגאנצען. און צווייטענס האבען אונזערע אזויגערופענע דעמאקראטישע און וועלטליכע פרנסים, וואס ליארמען אזוי וועגען קולטור, נאציאנאלע אויפלעבונג און אנדערע וועלטליכע רעפארמען — זיך א ביסעל געשעמט

---

וואַרען פון די נאטור מיט א שפע פון ענטציקענדע מעלות און אייגענשאפטען. זי איז געוועזן קלוג, צארט, געראטען און איבער דעם אלעם האט ארויסגעשטראהלט טויזענד חנ'ען פון פרויענשיינקייט. איהר וואוקס איז געוועזן נישט נידריג און נישט הויך. איהר פיגור שלאנק און עליאסטיש, נישט מאגער און נישט דיק. יעדער בעוועגונג איהרע איז געוועזן א לייכטער פויגעל-פלאטער. א ברונעטקע מיט צוויי גרויסע שווארצע קארשען-אויגען. אלע קערפער-טיילען ווי מיט א צירקעל געצייכענט און וואוניג-אויסגעמאסטען.

ביילקע אלס חסידישע טאכטער איז נישט געגאנגען אין די קלאסען. זי האט בעקומען אין א גרויסע מאס הויז-בילדונג. דער טאטע האט צו איהר געהאלטען די בעסטע לעהרערס און זי האט טאקי געקענט אויסגעצייכענט רוסיש, פויליש, דייטש. געווען פיעל בעלעזען און געהאט עמפפינדליכען חיש פאר אלצדינג.

בעקאנט זיך מיט דעם פיינריך האט ביילקע אויף דער באהן אויף א צוריק-רייזע פון קעלץ. זי איז דעמאלט געפאהרען מיט איהר מוטער פון א חתונה, פון א רבנישע חתונה, מיט וועמען זי האט אנגעהערט משפחה.

אין דער קופע, וואו ביילקע מיט איהר מוטער זענען געזעסען האט זיך געפינען דער יונגער פיינריך, וועלכער האט ביים ערשטען בליק, וואס ער האט געווארפען אויף ביילקע'ן נישט געקאנט פון איהר אבווייסען זיין אויג. געגענזייטיג איז אויך אזוי געווען. ביילקען איז אויך זעהר געפעהלען דער פרעמדער יונגער מיליטאריסט מיט זיין קרעפטיג ברייט פלייציגער פיגור, מיט זיין פול אויסגעטאקט, האלב-מאט און האלב טינקעל-ברוין פנים. ער איז געווען זעהר העפליך און מיט זיין אינטעליגענטער האלטונג האט ער זיך אויסגעטיילט פון אלע איבריגע פאסאזשירען.

ס'איז געווען שפעט אין דער נאכט. די באהן איז געפלויגען איבער בערג און טהאל, סאפענדיג מיט איהר איינאטהעמיגען און איינטאניגען ריטם. א טייל פון די פאסאזשירען האט דאס וויגען זיך איבער די גליטשיגע רעלסען איינגעשלעפערט און זיי זענען האסטיג איינגעשלאפען. צווישען אט די פערמאטערטע פאסאזשירען איז אויך געווען ביילקע'ס מוטער. זי איז אויך איינגעדרימעלט. זי איז שוין נישט געשלאפען צוליב דער חתונה צוויי נעכט און זי איז דאדורך געווען שטארק ערמידערט.

ביילקע, נישט קוקענדיג, וואס אויך זי איז שוין נישט געשלאפען פונקט ווי איהר מוטער עטליכע נעכט, האט מיט אלע אנשטרענגונגען, און חאטש די אויגען האבען זיך פשוט געבעטען צו פערמאכען זיי אונטער דער פערשכור'דיגער שווערקייט פון א זאטען שלאף — האט ביילקע יעדאך די אויגען נישט פערמאכט. זי איז דאס מאהל נאך מעהר וואך געווען און איהר מוח איז געווען זעהר פערנומען מיט'ן געדאנק ווי אזוי אויסצונוצען די געלעגענהייט, וואס די מוטער שלאפט און זיך בעקאנען מיט'ן דאזיגען א קעגענאיבער-זיצענדיגען יונג-עלעגאנטען מיליטערמאן, וועלכע איז געזעסען א שווייגענדיגער און אויך זיין קאפ האט געטראכט פונקט דאס זעלבע.

ביילקען איז איינגעפאלען א געדאנק און זי האט קינציג אזוי ווי אראבגעלאזט א הענדשקעלע, אייגענטליך האט זי עס אומישנע אראבגעווארפען, אבער זי האט עס אזוי אויסגערעכענט און דאפינירט-קינציג געמאכט, אז עס האט זיך אנדערש נישט אויסגעדאכט. נאר אז זי האט די הענדשקע צוליב נישט פארזיכטיגקייט אראבגעלאזען. דאס הענדשקעלע האט נאך רעכט נישט בעוויזען אנצורירען דעם שטויב פון דער ערד און דער לייטענאנט איז גלייך אויפגעשפרינגען פון ארט און אויפהויבענדיג עס פון דער ערד האט ער די הענדשקע מיט א העדליכער פערנייגונג עס צוריק דער-

ארויסצושטעלען עפענטליך די מקוה-לאַזונג און אַזוי ווי זיי אַליין ווילען זיך אונטער'חנפה'ענען און נושא חן זיין ביי די עטליכע מקוה-אויטאָרען, כדי געהאָלפען צו ווערען אין זייער זכות פון די שטימען פון זייערע מכלו-מר'שטע מאַסען ביי די קומענדיגע קהלה-וואהלען — איז דער פּלאַן וועגען א נייע מקוה אַרומגעהילט געוואָרען מיט אַ דעקאָראַטיווען שלייער. דאָס געלד ביי די עטאַט-צאָהלער פערלאַנגט מען אין נאָמען פון אַנדערע וויכטיגע געזעלשאַפטליכע צוועקען און א טייל פון אונזערע דעמאָקראַטישע, וועלט-ליכע פּרנסים שטעהען אונטער די קוליסען און פּאַטשען בראַוואָ, בעגריי-סענדיג די פיקטיווע אקציע.

— און פאַר וואָס רופען מיר עס פיקטיווע אקציע?

מיר רופען דעם פלאַן וועגען קויפען א פלאַץ פאַר אַ נייע מקוה פיקטי-ווע אקציע דערפאַר, ווייל אויפבויען אַ נייע מקוה איז פערבונדען מיט א קאָ-לאָסאַלע סומע; א סומע פון איבער א מיליאָן זלאָטעס; א סומע, אויף וועלכע גמינע-בודזשעטען פון איבער 20 יאָהר וועלען ערשט ברויכען סובסידירען דע-רויף בעדייטענדע סכומים געלדער. קויפען אויף דעם צוועק א פלאַץ הייסט נעמען געלד און אַריינלעגען עס אין דער ערד אַריין אַהן אַ וועלכע ס'איז-פּראַקטישע נוצען. מיר האָבען א גרונד צו צווייפלען, צי דערויף איז פאַרהאַן מאָראַלישע רעכט צו וועלען נעמען געלד ביי עטאַט-צאָהלער'ס אלס א קאָנ-טאָ אויף דעם עטאַט פון נאָך נישט בעשטעטיגטע בודזשעטען.

ווי מען אינפאָרמירט אונז פון קהלה-קרייזען האָט דער פּרעזעס פון דער גמינע-פערוואַלטונג געשטעלט אַ בעדינג ביים בעגייען זיין אמאָליגע טהעטיגקייט אין גמינע, אַז ער מוז צונויפשטעלען אַ סומע פון 90,000 זלאָטעס אויף צו קויפען אַ פלאַץ אויף אַ נייע מקוה. די ציוניסטישע-אגודה'שע -און-האַלב אסימי-לאַטאָרישע דאַזאָרעס, דער דאָזיגער דריי-בונד און דריי-פארביגער חוט המ-שולש פון די יעניגע דאַזאָרעס, וואָס זענען אין איין-און-דער זעלבער צייט און מיט איינמאָהל אי ציוניסטיש אי אָרטאָדאָקסיש אי 50 פּראָצענטיג אסי-מילאַטאָריש, אָט די ה"ה וואָס טראָגען א צונויפגעשטיקטוועטען פאַרטייען-ארבע כנפות האָבען דערויף געגעבען זייערע פולמאכטען און טאַקי צו אָט דעם צוועק רופט מען ארויף אין גמינע-לאָקאַל די עטאַט-צאָהלער'ס אויף צו געבען פאַר-אויס געלד.

דעם הויפּט-צוועק, דעם אייגענטלי-כען תמצית פון אָט דער דאָזיגער ניי-ער אקציע פערשטעהען מיר. מען שפּירט, אַז די קאַדענץ שטעהט שוין ביי דער ראַגאַטקע. די תקופה פון „אני אמלוך" האַלט זיך ביי ענדיגען און נייע וואהלען צו דער קהלה קומען אונטער און דערנעהנטע-רען זיך. וויל מען דאָס איבערלאָזען די ש ט אָ ד ט א מתנה אין פאָרם פון א טוירט שטיק ערד - פּלאַץ, וואָס זאָל אפשר דיענען צו פּאַשען קאָ-זעס, אָהן דעם מינדעסטען ניצען פאַר'ן געזעלשאַפטליכען געברויך, דען מיר חזר'ען נאָך א מאָהל איבער, אַז ביי די איצטיגע לעבענס-פערהעלטנישען און דער גאַנצער עקאָנאָמישער סטרוקטור פון יודישען צבור אין ראַדאָם איז דער פלאַן וועגען אויפבויען בפועל א נייע מקוה אויסגעזויגען פון פינגער.



א דיינע אוטאָפּיע. די ערד וועט ליי-גען כאָבען שאין לו הפכים און פון דעם אַלעם וועט זיך אויסלאָזען הוילער בלאָף.

מיט די איינקאַסירטע 90,000 זלאָ-טעס וויל מען זיך פערשאַפען און איינ-קויפען „מאָראַלישע" אַרגומענטען און דערמיט שלאָגען קאַפּיטאַל ביי די קו-מענדיגע קהלה-וואהלען, מ'וועט דער-מיט דעמאָנסטרירען איבער אלע גאַ-סען: — נאַט זעהט, וועהלער, וואָס די איצטיגע גמינע האָט אויפגעטהון. ס'איז געקויפט געוואָרען א שטיק ערד פאַר גאַנצע ניינציג טויזענד זלאָטעס.

אַזאַ פּאָליטיק איז א פיקציע און אויף פיקציע צונעמען געלד גרעניצט זיך מיט מאָראַלישע פערברעכן. וויפיל מאָל האָט פּרנס פישמאַן זיך אָפּיציעל אויס-גערעדט אויף עפענטליכע ראַט-זיצונ-גען ברייש גלי, אַז אַפילו די סובסידיעס וואָס ווערען אריינגעשטעלט אין די גמינע - בודזשעטען זענען פיקטיווע, מחמת די רעאַליזירונג פון א נייע מקוה איז פערבונדען מיט אומגעהייערע סומעס געלד, וואָס צוואַנציג גמינעס וועלען עס נישט בכח זיין צו שאַפען. איז דאָך פּרנס צוקער פּולשטענדיג גע-רעכט, ווען ער טענה'ט, אַז מיט די געלדער און וועקסלען, וועלכע ווערען גענומען ביי די עטאַט-צאָהלער אלס אַנגאַבע אויף די נאָך נישט בעשטע-טיגטע בודזשעטען -- אַז מיט זיי זאָל מען בעצאָהלען די כלי-קודש בעאַמטע אַז זיי זאָלען נישט ברויכען הונגערען. נעמען געלד אויף נישט קיין דערגרייכ-באַרע צוועקען הייסט אַ אונטאַקט, ווייל מיט דעם זעלבען געלד קאָן מען אין זעלבער צייט לייסטען עפּיס פּאָזיטיווע און נוצליכעס.

יאָ, אויב די ראָזיגע „געניאַלע" אויפ-טהוער ווילען איבערלאָזען א מתנה

לאַנגט ביילקע'ן, פאַר וואָס ביילקע האָט קאָקעטיש געדאַנקט. דער דאָזיגער הענדשקע-צופאַל האָט פערבונדען א געשפּרעך צווישען די צוויי יונגע מענ-שען. און א וואָרט מאַר א וואָרט און מ'האָט זיך נעהנטער בעקאַנט.

ביים בעקענען זיך האָט זיך דער פיינריך פאָרגעשטעלט אלס יודישער יונגערמאַן פון אונגארן און אלס זוהן פון א אינגאַרישען רב.

דאָס האָט צו ביילקעס יחוס זעהר אימפּאָנירט און, נאָך פאָהרענדיג אויפ'ן באַהן, האָבען די צוויי יונגע מענשען אָבגעשמועסט זיך צו טרעפען אויף צו-מאָרגענס אויף א געוויסען אָרט.

פון קענטשאַפט איז מען ביסלעכווייז איבערגאַנגען אין ליבע. צום-ערשט איז דאָס צוגעגאַנגען אין געהיים, בסוד סודות, דערנאָך האָט שוין ביילקע אָנ-פערטרויט איהר סוד זיי עלטערען און פאָרשטעלענדיג פאַר זיי זיין אַדעל-יחוס האָבען ביילקע'ס עלטערען צו-ביסלעך מסכים געווען און ערלויבט, אַז דער פיינריך זאָל אָפטמאָהל ארויפ-קומען צו זיי אין שטוב.

מ'איז געוואָרען נאָהנט. היימיש. און ביילקע האָט זיך שוין מעהר נישט גע-ברויכט צו קרעמפּירען, געהענדיג מיט'ן פיינריך פריינק-און-פריי איבער די ראַ-דאָמער גאַסען.

ביילקע'ס עלטערען האָבען זיכער נישט אנדערש געטראַכט סיידען דער דאָזיגער יודישער יונגערמאַן, אין מי-ליטערישען מונדור, וועט דאָס זיין דער בן-זוג פון זייער טאָכטער. וועמען דער גורל האָט טאַקי ספּעציעל אריינגעשיקט צו זיי אין שטוב — דער פיינריך ראַ-געגען, האָט וועגען עפּיס אנדערש געטראַכט.

איינמאָהל, ס'איז געווען א טאָג ווען דער טעגליך-ארויסגעהאָנגענער קאָמו-ניקאַט פאַר'ן בנין פון דער קריגס-קאָ-מענדע האָט איבערגעגעבען אַ נייעס, אַז דאָס דייטשישע און עסטרייכישע מיליטער האָט אריינגעדרינגען קיין רו-מעניע; — און צוויי דריי טעג שפּע-טער האָט די מיליטערישע מאכט גע-האט בעשלאָסען צו טראַנספּאָרטירען א גרויסע צאָהל מיליטער-לייט פון רא-דאָם קיין עסטרייך, צווישען זיי איז אויך אריינגעגאַנגען דער פיינריך, וועל-כע האָט זיך טאַקי געגרייט א ליאַדע טאָג אָבציפאָהרען.

א נאַכט פריהער פאַר'ן אָבפאָהרען, האָט דער פיינריך פערבעטען ביילקע'ן אין האָטעל זשימסקי און איהר דער-צעהלט, אַז ער ווערט געשיקט אין וועלטליכע שליחות קיין רומעניען און דערביי געמאַכט ביילקע'ן א פאָרשלאַג, אַז ער וויל זי מיטנעמען מיט זיך אויף זיינע הוצאות קיין רומעניען, וואו זי וועט מיט איהם מיטמאַכען א זעהר אינטערעסאַנטע רייזע.

דאָס ערשטע מאָהל אין איהר לע-בען, איז דעמאָלט ביילקע געזעסען אין האָטעל זשימסקי, וואו זי האָט גע-טראָפען רעב מאַדאם ב. מיט נאָך ראַדאָמער יודישע מיידלעך אין דער געזעלשאַפט פון עסטרייכישע אָפיצי-רען.

(פאָרטזעצונג קומט.)

דער שטאָדט און גלייכצייטיג אויסנוצען די מתנה צו זיכערן די מאנדאטען בעת די נייע קהלה־וואהלען. זאָלען אָט די זעלביגע ה״ה אזוי גוט זיין און ארויסלעגען די 90.000 זלאָטעס פון זייערע אייגענע קעשענעס, ווי מען פיהרט זיך ביי אנדערע טראנזאקציעס. נעמען געלד ביי קהל, ביי דער געזעלשאפט אויף קויפען סתם אין דער וועלט אריין א שטיק ערד איז קיין שום שכל און דער גרעסטער אומרעכט.

מיט ניינציג טויזענד זלאָטעס קאָן מען פשוט מחיה מתים זיין הונדערטער משפחות, מיט אזא קאָלאסאלע סומע קאָן מען דאָך אויפשטעלען הונדערטער רואינירטע און חרוב־געוואָרענע עגזיסטענצען פון הונדערטער יודישע פאמיליעס, וואָס זענען געפאלען קרבנות פון דער שווערער און ביטערער צייט און זענען געבליבען הענגען אין דער לופטען אָהן א שום באָדען אונטער די פיס. צו פערווענדען קהל׳יש געלד אויף אזא וויכטיגען, פראקטישען און נויטווענדיגען צוועק וואָלט געווען א פיעל גרעסערע מצוה. איידער אריינצולעגען געלד אין דער ערד אריין, איז לויט יעדען עלעמענטארען שכל, פיל בערעכטיגער און פיל וויכטיגער געזונקענע עגזיסטענצען פון דער ערד ארויסצוהויבען.

מיר פערשטעהען. די ה״ה איניציאטאָרען פון נייעם מקוה־פלאַן געהט אין איבערלאָזען א לעבעדיגען, אנטאפענדיגען זכרון. זיי ווילען פאר ענדע קאדענץ איבערלאָזען א מין מאָנומענט אין דער פאָרם פון אַ שטיק פוסטע ערד, און אויף דעם, אפשר, נאָך ארויסשטעלען א טאָוועל מיט אַנ׳אויפשריפט, אַז דאָס האָבען זיי געשאפען. זיי ווילען אַ פנים דאָס פערוואַנדלען אין א מין לעבעדיגען ארגומענט, אַגב אורחא פאר איין וועג׳ס אויף פאַר אַ וואהל־ארגומענט און אגיטאציע־לאָזונג. אָבער אַ טעות האָבען זיי. די הונדערטער רואינירטע יודען מיט די איינגעבויגענע רוקענס און בליטלאָז־פערדאַנה׳טע פנימער וועלען, קוקענדיג אויף אָט דעם שילדעל, פערבייסען מיט די ליפען און אויסדריקען דעם שאַרפסטען פראָטעסט געגען דעם פערווענדען ריזיגע סומעס געלד אויף אַ נוצלאָזען און ציעללאָזען צוועק.

א חוץ דעם וועט שטענדיג אַזא זכרון־שילד וועקען ביי דער גאַנצער יודישער געזעלשאַפט די הארבע פראַגע: און דאָס איז אַלעס? דאָס האָט די גמינע במשך איהר 4־יעהריגער טהעטיגקייט אויפגעבויהן און דאָס איז געבליבען פון אַלע הבטחות און צוזאָגען!

יאָ, זעהר שעהן, ס׳איז זעהר אַנשטענדיג ווען קהלה־פרנסים ווילען איבערלאָזען די שטאָדט אַ מתנה, נאָר אַ מתנה ממש אַ נוצבארע. אָבער נישט קיין פיקציע־מתנה אויף קהל׳ס חשבון און אויף דער הוה אמינא פון מאנדאטען־פערספעקטיווען.

**עמיצער.**

# וואס הערט זיך אין ראדאם.

## פון סוחרים־פעראיין.

די יעהרליכע אַלגעמיינע פערזאַמלונג, וואָס איז איינגעאָרדענט געוואָרען פערגאנגענע וואָך אין סוחרים־פעראיין איז פאָרגעקומען אין צוויי פאָרטזעצונגען, אין די טעג פון זונטאָג, מאָנטאג.

פון די אָנגעגעבענע בעריכטען, אין וועלכע ס׳זענען בעריהרט געוואָרען פערשידענע אקטועלע סוחרישע פראגען איז אויך איבערגעגעבן געוואָרן דער מאַטעריעלער מצב פון דער סוחרישע אָרגאניזאַציע גופא. צווישען אנדערס האָט מען אויך געקאָנט הערען, אז דער סוחרים־פעראיין האָט פון לאנג אַ דעפיציט פון 900 זל. אויסער דעם כסדרדיגען דעפיציט יעדען חודש פון 300 זל. די רעדנער האָבען דעריבער גערופען די מיטגלידער זיך מעהר צו פעראינטערעסירען מיט׳ן סוחרים־פעראיין און שטיצען איהם, אז זיין עקזיסטענץ זאָל זיין א דויערהאפטיגער און כדי זיין ענטוויקלונג זאָל זיין א פרוכטבארע לטובת דעם יודישען סוחר־טום אין ראדאָם.

אויף דער פערזאמלונג איז אויך בעהאנדעלט געוואָרען די שטעלונג פון סוחרים פעראיין צו די פאָרשטעהענדע וואהלען פון סיים און סענאָט. און אין צוזאמענהאנג דערמיט גיעט אָן דער פרעזעס ה׳ נתן זיגמאן א בעריכט פון קאָנפערענץ פון אָבער־ראָט אין וואַרשא. ה׳ זיגמאן אינפאָרמירט גענוי נאָר די מיינונג פון דעפ. ווישליצקי און זיין צד בנוגע זייער שטעלונג צו די וואהלען פון סיים. ה׳ פישמאן האָט אָפאָנירט די שטעלונג פון אָבער־ראָט און רעדענדיג א לענגערע צייט האָט ער אויפגעוויזען די נויטווענדיגקייט, פון דער שאפונג פון נאַציאָנאליטעטען־בלאָק. צו ה׳ פישמאן׳ס מיינונג האָבען מסכים געווען אַלע אַנוועזענדע. ה׳ פישמאן לייענט דאַן פאָר א רעזולוציע, וואָס ווערט אויך דורך אלע אַנגענומען געגען צוויי.

די רעזאָלוציע לויטעט:

### רעזאָלוציע

„די אלגעמיינע פערזאַמלונג פון סוחרים־פעראיין אין ראדאָם דעם 26/12 בעשליסט צו צוטרעטען צום נאַציאָנאַליטעטען־בלאָק. ווייל נאָר אויף אזא אופן קענען די יודען געווינען א בכבוד׳יגע צאָהל מאנדאטען אין סיים און אין סענאט, און, ווייל דאָס איז דער איינציגער וועג צו פערטיידיגען די יודישע אינטערעסען און דעם יודישען נאַציאָנאלען כבוד, פערלאנגט דעריבער די אַלגעמיינע פערזאמלונג פון דער צענטראלע אין וואַרשאַ צו רעווידירען נאָך א מאָהל איהר בעשלוס און זאָל צוטרעטען צו דעם בלאָק פון די נאציאָנאלע מינדערהייטען״

### אַלגעמיינע פערזאַמלונג פון קצבים־פעראיין.

אין צוזאמענהאנג דערמיט, וואָס די גמינע האָט אויף איהר זיצונג פאָריגע וואָך בעשלאָסען צו הויבען דעם אָבצאָהל פון דער שחיטה — איז אין לאָקאל פון האנדווערקער־קלוב פאָרגעקומען א אלגעמיינע פערזאמלונג פון היגען קצבים־פעראיין.

די פערזאַמלונג האָט שארף פּראָטעסטירט געגען דער שחיטה העכערונג און געפאָדערט ביליגער צו מאַכען דעם שחיטה־אָבצאָהל.

ס׳האָבען גערעדט די ה״ל לייביש גוטמאַן, אברהם פאוולאָוויטש, שמשון גוסטמאַן און גרשון לעווין. דער לעצטער האָט אויספיהרליך ארומגערעדט די סיטואציע, בעווייזענדיג, אז זינט די גמינע האָט איבערגענומען אין איהר רשות די שחיטה האָט זיך געשאפען דער שמוגעל און די געהיימע שחיטה.

לויט די קאלקולאַציעס און אויסרעכענונגען פון ה׳ לעווין קאָסט דעם שמוגלער־קצב מיט 30 זלאָטעס ביליגער ווייל ער ברענגט זיך פיעל איין פון שחיטה־אָבצאָהל. דעם דאָזיגען דיפערענץ גיעט ער אוועק דעם פויער אויפ׳ן מאַרק און דער אָפיציעלער קצב, נישט האָבענדיג קיין ברירה, מוז אויך נאָכקומען די פרייז ביי׳ם קויפען לעבעדיגע בהמות און אזוי ווי ער מוז דערנאָך אויסער דעם בעצאָהלען דעם שחיטה און גמינע־שטייער קומט במילא אויס אז ער איז געצווינגען צו נעמען טייערע פרייזען און ער ליידט דעריבער פון גרויסער קאָנקורענץ, אז ס׳דראָהט איהם פשוט אונטערצוגעהן.

די פערזאַמעלטע, אויסהערענדיג די בעריכטען און רעדעס, טראָגען ארויס אַ שאַרפען פראָטעסט און נעמען־אָן אַ רעזאָלוציע אויפצופאָדערן די גמינע, אז נישט נאָר זי זאָל ניט הויבען דעם שחיטה־פרייז, נאָר זי זאָל ביליגער מאַכען דעם שחיטה־אָבצאָהל מיט צוויי זלאָטעס און בעזייטיגען דעם שמוגעל. פון וועלכען עס ליידט אויך דער כשרות־צושטאַנד.

אויף דער פערזאמלונג איז אויך בעשלאָסען געוואָרען, אז דער קצבים־פעראיין זאָל זיך ווענדען מיט אויספיהרליכע מעמאָריאלען מיט די אויבען־אויסגערעכענטע מאָטיוען צו דער העכערער מאכט־אינסטאנצען, אזוי צו דער לאָקאלער מאכט. ווי אויך אין מיניסטעריום צוליב דעם, וואָס די גמינע האָט נישט קיין קאָמפּעטענטע זאַך־קענער, וואָס זאָלען פעהיג זיין צו רעגולירען ווי געהעריג די שחיטה־פראגע.

### מאַסקען־באַל לטובת דעם בית יתומים.

אַלס רעזולטאַט פון דער וועלט־מלחמה און איהרע נאָכוועהענישען האָט זיך אויפ׳ן פאָדערגרונד פון אונזערע נויטווענדינסטע אויפגאבען אוועקגעשטעלט דאָס פּראָבלעם פון פערזאָרגען די פערבליבענע יתומים פון די צושטערטע און צושמעטערטע יודישע ישובים. אויף דעם פוילישען יודענטום איז געפאַלען דער גורל צו נעמען אויף זיך דעם חוב צו פערזאָרגען די אומגליקליכע פערבליבענע יתומים און ביי דער בעדייטענדער מיטהילף פון „דזשוינט״ איז כמעט אויפ׳ן גאַנצען פוילישען שטח איינגעאָרדענט געוואָרען א דייהע יתומים־הייזער, וואו די אומגליקליכע קינדער בעקומען די געהעריגע פפלעגע און ערציהונג.

ביי היינט צו טאָג פערמאָגען מיר אויך אין ראדאָם א יתומים־הויז אין דער געביידע פון אמאָליגען „מושב זקנים״ וועלכען עס האָט געשאפען דער בעריהמטער ראדאָמער נדבן ר׳ ראובן בעקערמאַן ז״ל, וואו עס געפונען זיך ביז אַ 60 יתומים און אַ צעהנדליג זקנים, וועלכע איז אוועקגעשטעלט אויף דער געהעריגער הויך און א דאַנק דער אונערמיעדליכער אַרבייט פונ׳ם

קאמיטעט, וועלכער שטעהט אין דער שפיץ פון דער דאזיגער הומאניטארער אינסטיטוציע, בעקימען די קינדער א ריכטיגע נאציאנאלע ערציהונג, בעקליידונג אין ערשטקלאסיגע פלעגע.

דאס אויסהאלטען פונ'ם יתומים-הויז איז פערשטענדליך פערבונדען מיט ריזיגע אויסגאבען. צו וועלכע דער אמעריקאנער „דזשוינט" האט ביז לעצטענס בייגעטראגען בעדייטענדע סומען, אבער צוליב'ן אבשטעלען די וויטערע סובסידירונג מצד'ן „דזשוינט" האט זיך בעשאפען אזעלכע פינאנסיעלע שוועריקייטען, וועלכע זענען מסוגל דעם גאנצען פרעכטיגען יתומים-בנין אומצוווארפען. צוליב דער געשאפענער לאגע ליגט אלזא א חוב אויף דער יודישער געזעלשאפט אין ראדאם צו שטיצען דעם בית יתומים מיט דער ברייטער האנד און מיטהעלפען צו זיין וויטערער עקזיסטענץ.

כדי צו שטארקען די מאטעריעלע מיטלען ארדענט איין דער בית יתומים, אזוי ווי אלע יאהר אויך דאס יאהר דעם 28 ה. ח. א מאסקען-באל מיט א בערייכערטען פראגראם פון פערוויילונגען, וועלכען די יודישע געזעלשאפט וועט אהן ספק צאהלרייך בעזוכען.

י. ז—ן.

## דער שוחטים-שטרייק מיט דער גמינע.

היינטיגע וואך האבען די ראדאמער שוחטים איבערגעריסען מיט דער גמינע און זיך אבגעזאגט איינצוצאהלען דאס שחיטה-געלד אין דער גמינע-קאסע.

מאנטאג, ווען דער גמינע-קאסירער איז, ווי געוועהנליך, געקומען אין שחט-הויז צו איינקאסירען דאס געלד, וואס פליסט איין פון דער שחיטה, האט ער געטראפען אויף זיין ארט א צווייטען קאסירער, וואס די שוחטים האבען בעשטימט. אויף דער פראגע פון גמינע-קאסירער וואס איז געשעהן, האבען די שוחטים ערקלערט, אז זיי ווילען מעהר נישט געהערען צו דער גמינע און זיי ווילען זיך בעסער מיט דעם שכר פון זייער ארבייט אליין פערטיילען. די קצבים האבען אנערקענט די טענות פון די שוחטים פאר בערעכטיגט, און זיי האבען איינגעצאהלט פאר דער שחיטה דעם נייעם קאסירער, א זוהן פון א שוחט, וועמען די שוחטים האבען בעשטימט אויף צו איינקאסירען דאס שחיטה-געלד.

דער דאזיגער צושטאנד האט אנגעהאלטען מאנטאג און דינסטאג, און די גמינע האט פון שחיטה-געלד אין פערלויף פון די צוויי דערמאנטע טעג קיין געלד נישט ערהאלטען. די גמינע, זעהענדיג, אז אין שחט-הויז קאן זי נישט ארויסטרעטען מיט קיין רעפרעסיווע מיטלען, מחמת די קצבים סאלידאריזירען זיך דארט מיט די שוחטים, האט זי בעשלאסען פולשטענדיג צו בעהערשען און איבערנעמען צו איהר גאנצער דיספאזיציע די שחיטה פון עופות-שחט-שטיבעל. דינסטאג אין דער פריה, ווען די שוחטים זענען געקומען אין דערמאנטען שחט-שטיבעל, האבען זיי שוין דארט געטראפען אלעזר שוחט פון דזשערשקאוו מיט'ן גמינע - קאסירער. ווען די שוחטים האבען איפגעפאדערט דעם דערמאנטען שוחט און קאסירער צו פערלאזען דאס שחט שטיבעל, ווענדיג אויך די עופות-שחיטה איבערנעמען אין זייער רשות, האט ה' מוליער, וועלכער איז אנוועזענד געווען ביי דעם גאנצען פאל — בעזייטיגט פון דארט די שוחטים מיט דער הילף פון פאליציי.

דאס שליאכט-פעלד פון דער שחיטה האט זיך אלזא צעטיילט אויף צוויי פאזיציעס: אין גרויסען שחט-הויז האבען די שוחטים בעהערשט די לאגע און דאס שחט-שטיבעל פון עופות האט אקופירט די גמינע.

דינסטאג ביינאכט האט די פאליציי ארעסטירט איין שוחט מיט'ן נייעם קאסירער פון שחט-הויז און אבהאלטענדיג זיי א גאנצע נאכט אין קאמיסאריאט האט מען זיי רערנאך בעפרייט.

מיטוואך איז פארגעקומען א קאנפערענץ ביים שטאט פרעזידענט אין מאגיסטראט, אין וועלכער ס'האבען אנטייל גענומען די שוחטים, גמינע און קצבים. בשעת מיר שרייבען די שורות זענען די רעזולטאטען פון דער קאנפערענץ נאך נישט בעוויסט און אין דער פערשארפטער לאגע איז פארלויפיג קיין ענדערונג נאך נישט אריינגעטרעטען.

ווי מען גיעט אונז איבער, האבען זיך די שוחטים געווענדעט אין דער סטאראסטווא. וואו זיי האבען ערקלערט אז זיי בעשטעהען בעסער דאס איינקאסירטע געלד פון דער שחיטה אריינצוטראגען אין סטאראסטווא. און נישט אין דער גמינע.

די סבה צוליעב וועלכער דער סכסוך איז אויסגעבראכען איז דאס, וואס די שוחטים מאהנען זיך ביי דער גמינע א סומע פון 50.000 זלאטעס פאר די יאהרען 1926—1927, אין פערלויף פון וועלכע די גמינע האט פערקלענערט זייערע פענסיעס. די פערקלענערונג פון די פראצענטער, וועלכע די שוחטים בעקומען פון דער גמינע אין דער צייט פון די צוויי דערמאנטע יאהרען מאכט אויס לויט זייער אויסרעכנונג א ציפער פון 50.000 זל. וואס איז דער אונטערשייד לויט די פענסיעס פון יאהר 1925.

א חוץ דעם מאטיוו בעקלאגען זיך די שוחטים אויף דעם נישט רעגולערען אויסצאהלען דורך דער גמינע זייערע פענסיעס. ווי אויך דאס וואס די גמינע וויל צונעמען נייע שוחטים אויף זייער חשבון, וועלכע זענען לויט זייער מיינונג איבריג. און הויפטזעכליך דערפאר וואס די גמינע פערוואלטונג האט אויף איהר לעצטע זיצונג היינטיגען שבת צונאכט בעשלאסען, אז די שוחטים זאלען מעהר נישט זיין קיין שותפים צו דער שחיטה ווי ביז אהער, נאר קהלש-אנגעשטעלטע אויף בעשטימטע פענסיעס.

## צו די סיים-וואהלען אין ראדאם.

### וועהלער!

### געהט זעהן, צי אייערע נעמען זענען אריינגעטראגען אין די וועהלער-רשימות.

פון 2 ביז'ן 15-ען סטיציען וועלען זיין אין אלע אביוואראדע וואהל-קאמיסיעס אויסגעלעגט די וועהלער-רשימות צו די וואהלען צום סיים און צום סענאט.

יעדער יוד איז מחויב אליין אדער דורך עמיצען נאכצוזעהן נישט בלויז צי זיין נאמען איז אריינגעטראגען אין די וועהלער-רשימות. נאר אויך צי דער נאמען, פאמיליען-נאמען און אדרעס זענען ריכטיג אנגעגעבען.

## די ערשטע אויפרופען וועגען קאנטראלירען די וועהלער רשימות.

היינטיגע וואך זענען איבער'ן שטאדט פונאנדערגעשפרייט געווארען די ערשטע וואהל-אויפרופען צום סיים און סע

נאס.

די אויפרופען זענען געווען פון „בונד" וועגען קאנטראלירען און רעקלאמירען דאס וואהל-רעכט.

## צוגעשיקטע קאמוניקאטען

### אלגעמיינע פערזאמלונג פון „בית יתומים"

שבת דעם 7-טען סטיציען 1928 5 א זייגער אווענר וועט פארקומען אין לאקאל פון ספולדזיעלניא קרעדיטאווי פל. 3 מאי 2 די יעהרליכע אלגעמיינע פערזאמלונג פון יודישען בית יתומים מיט פאלגענדען טאג-ארדנונג:

1) ערעפנונג און וואהלען פון א פרעזידיום 2) בעריכט פון דער טהעטיגקייט 3) קאסע-בעריכט 4) בודזעט אויפ'ן יאהר 1928 5) וואהלען פון א פערוואלטונג און רעוויזיאנס-קאמיסיע 6) פערשידענעס.

צוליב דער וויכטיגקייט פון די ענינים ווערען אלע מיטגלידער געבעטען צו קומען פינקטליך.

### פון „טאז"

נאך דעם, ווי די זומער-קאלאניעס אין גארבאטקע, פון וועלכע עס האבען גענאסען 100 קינדער זענען געווארען געשלאסען, איז די היגע אבטיילונג פון „טאז" צוגעטרעטען צו רעעסטרירען די קינדער, וועלבע ווילען ארויספאהרען אויף דער ווינטער-קאלאניע פון „טאז" אין אטוואצק.

איינשרייבונגען ווערען אנגענומען א גאנצען ווינטער ביז דעם 1-טען מערץ 1928 י.

אין די בעראטונגס-שטעלען פון היגען „טאז" (דלוגא 24) ווערט ווייטער ערטיילט מעדיצינישע הילף דורך דאקטוירים-ספעציאליסטען.

פאר לונגען-קראנקע (טובערקולאז) — יעדען שבת פון 12 ביז 1 נ. מ.

פאר אויגען-קראנקע — יעדען מיטוואך פון 7 ביז 8 אווענד.

פאר הויט-קראנקע — יעדען דינסטאג פון 3 ביז 4 נ. מ.

* * *

די צענטראלע פערוואלטונג פון „טאז" האט בעקומען אין אטוואצק 6 מארג ערד אויף צו בויען א סאנאטאריע פאר טובערקולאזע (שווינדזיכטיגע) קראנקע.



## ערקלערונג

### פאר דער יודישער עפענטליכקייט אין ראדאם.

היות ווי צווישען אונז שוחטים מיט דער גמינע האט זיך ענטוויקעלט א סכסוך, וועלכער נעמט לעצטענס אן נישט קיין אנשטענדיגע פארמען, זענען מיר געצווינגען אויפצוקלערען פאר דער עפענטליכקייט די ריכטיגע סבה, וועלבע האט באמת פערשורזאכט דעם קאנפליקט.

מיר ערקלערען, אז דער הויפט-שולדיגער און דער גורם אין דער פערשארפטער לאגע איז די גמינע, וועמענס בעציהונג צו אונז איז ממש א אונערהערטע און נישט דערלאזבארע.

שוין פון א לענגערע צייט בעטען מיר כסדר די גמינע זאל זיך מיט אינז פערזענליך פערשטענדיגען און אויסהערען אונזערע טענות. די גמינע אבער וויל ראס נישט נאכקומען און טראץ דעם וואס ביי דער גמינע עגזיסטירען פערשידענע קאמיסיעס ווי: א רעליגיעזע קאמיסיע, א שח"טה-קאמיסיע, א ועד הכשרות וכ"ו וכ"ו, טראץ דעם אלעם קאנען מיר זיך ניט דערבעטען, אז איינע פון די אלע אויבענדערמאנטע קאמיסיעס זאל בעוויליגען און שענקען אויך א געוויסע מאס אויפמערקזאמקייט פאר די פראגען פון די שוחטים, וועלכע האבען אלענפאלס א דירעקטע שייכות מיט רעליגיע און דיסועלען כשרות.

מיר ערקלערען און בעשטעטיגען עס קאטעגאריש, אז וועלענדיג אדורכקומען מיט דער גמינע אויף א יודישליכען און פרידליכען אופן, האבען מיר זיך געווענדעט צעהנדליגע מאהל מ'זאל אונז טוהן חאטש די טובה און איבערליינען אונזערע בקשות. אבער דאס איז געווען כקול קורא במדבר. אויף אונזערע אלע בקשות, בריעף און פיטעס האט דער בעוויסטער גמינע-סעקרעטאר בעסער געפינען א פאסיג ארט אין קארב, און זיי האבען קיינמאהל נישט זוכה געווען צו זעהן די ליכטיגע שיין. נישט האבענדיג דעריבער קיין אנדערע ברירה און קיין אנדערען אויסוועג האט אונז די עקאנאמישע און מאראלע ירידה געשטויסען איינצוקומען מיט אונזערע בענדיגדעסטע און בערעכטיגסטע טענות צו דער אויפזיכט'ס-מאכט.

אין די בקשות צו דער גמינע אזוי אין אונזער ווענדונג צו דער מאכט האבען מיר אנגעוויזען, אז לויט די חוקי המדינה און לויט די בעשליסען פון ועד הרבנים אין פוילען איז נישטא קיין שום רעכט צו בע'עוולה'ען שוחטים און רעדוצירען די פענסיעס, פערקלענערענדיג זיי לויט דער גרויס פון יאהר 1925.

גלייכצייטיג האבען מיר פערלאנגט, אז די גמינע, נאך א פערשטענדיגונג מיט אונז, זאל מאכען מיט אונז א פרייוויליגען אבמאך לויט'ן געזעץ אויפ'ן יאהר 1928. אויף דעם אלעם האט די גמינע נישט געפונען פאר נויטיג צו ענטפערן, אפילו נאכדעם ווען דער ה' סטאראסטא האט מערערע מאהל געפאדערט פון די גמינע א אויפקלערונג אין דער גאנצער זאך.

נישט בעקומענדיג מצד דער גמינע קיין שום ענטפער, האבען מיר מודיע געווען דער אויפזיכט'ס-מאכט, אז מיר האבען ניט קיין אנדערע עצה און אז מיר זענען געצווינגען איבערצורייסען דעם קאנטאקט מיט דער גמינע און דאס געלד, וואס פליסט-איין פון דער גסה-שחיטה צייטווייליג פערהאלטען ביז די גמינע וועט זיך מיט אונז פערשטענדיגען און מאכען מיט אונז א נייעם אבמאך; דאנעגען אין שחט-שטיבעל פון עופות האבען מיר גע'שחט'ען אויף די קוויטלעך פון דער גמינע. נישט קוקענדיג אבער דערויף איז מען דינסטאג געקומען פון דער גמינע און מיט'ן כח פון פאליציי ארויסגעטריבען פון דארט די שוחטים און אריינגעזעצט דעם בעוויסטען „כשר'ען" שוחט ר' אלעזר. אין שחט-הויז ווידער האט די גמינע געשיקט פאליציי מ'זאל נישט אריינלאזען די שוחטים אהן א צייגניש פון דער גמינע, א סיסטעם, וואס די ראדאמער גמינע האט ערשט ערפינדען און בענוצט עס אלס מיטעל צו טעראריזירען די שוחטים; א סיסטעם, וואס עקזיסטירט נישט אין קיין שום שטאדט אין פוילען. ווען דער דאזיגער אופן האט זיך די גמינע נ'שט איינגעגעבען, האט די גמינע פאר גרויס כעס געמאלדען דער פאליציי, אז די שוחטים האבען געמאכט א נאפאד אויף איהר אינקאסענט און ביי איהם ארויסגעריסען דאס שחיטה-געלד, בשעת מיר שוחטים האבען ווי שטענדיג אויך דאס מאהל איינקאסירט דאס שחיטה-געלד, נאר אנשטאט עס צו געבען דעם גמינע-אינקאסענט האבען מיר עס צייטווייליג פערהאלטען ביז דער ענין וועט ענטשיידען ווערען. די גמינע אבער האט אונז פאר דער פאליציי פארגעשטעלט אלס פשוט'ע אנפאלער און די פאליציי האט, אויפ'ן גרונד פון אט דער בעשולדיגונג, אין דער נאכט פון דינסטאג אויף מיטוואך געזוכט די שוחטים אין די שטובען און ארעסטירט דעם שוחט ר' קאפעל מיט ר' בינם שוחט'ס זוהן. די איבריגע שוחטים, וועלכע מ'האט אין דער היים נישט געטראפען, האבען זיך זעלבסט אין דער פריה געשטעלט צום פראטאקאל, וואו די שוחטים ווערען בעשולדיגט, לויט דער אנקלאגע פון דער גמינע, אלס אנפאלער.

מיר ערקלערען עפענטליך, אז די גראטיפיקאציע אויף די ימים טובים צו 100 זל. א חודש פאר יעדן שוחט וואס די גמינע האט אונז פערשפראכן און וואס איז בעשטעטיגט געווארען דורך דער גמינע-פערוואלטונג, האט מען אונז נישט אויסגעצאהלט און פשוט חוזק געמאכט.

גלייכצייטיג זענען מיר מודיע, אז די גמינע ברויך נישט זיין אין כעס אויף אונז שוחטים, וואס ווילען זיך אבצורייסען פון דער גמינע, מחמת דער פרעזעס פון גמינע-פערוואלטונג, פרנס ה' יאסיל קעניגסבערג, ווען ער איז געווען אין אורלויב, האט געראטען די שוחטים זיך אבצורייסען פון דער גמינע, אויסדריקענדיג זיך דערביי כהאי לישנא: — איך האב אייך אונטערטעניג געמאכט אונטער דער גמינע און איך וועל אייך בייהילפיג זיין זיך פון דער גמינע צובעפרייען — אויף דעם זענען דא עדות.

און יעצט זאל די עפענטליכקייט משפט'ען ווער ס'איז שולדיג אין דער יעצטיגער געשאפענער לאגע, און אין דעם חילול השם, צי די שוחטים, צי די גמינע מיט איהר אונפערצייהליכער גרינגשעצונג ביי אזא וויכטיגע פראגע ווי שוחטים און שחיטה.

**אגודת השוחטים בראדום.**

108·06

# קעלצער אבטיילונג.

## עטישע טעמים...

פארצייטענס, אז מ'האט געפונען א הרוג. נישט וויסענדיג וועמענס הענד האבען דאס בלוט פערגאסען, זענען ארויס די „פני", דער גאנצער אדעל און פארשטעהער פון דער נאהענסטער שטאדט, וואו דער הרוג איז געפונען געוואָרען. א „עגלה ערופה" געברענגט און זיך מתודה געוועזען: „אונזערע הענד האבען דאס בלוט נישט פערגאָסען". „אונזערע אויגען האבען נישט געזעהען. פערגעב, גאָט, דיין פאָלק ישראל!"

די עטיק, די מאראל פאָדערט א חשבון נישט נור פונ'ם מערדער, וואָס האט פערגאָסען אומשולדיג בלוט, טראָץ דעם פערבאָט פון „לא תרצח", נור אויך פונ'ם אדעל. וואָס ביי איהם איז צוליב וועלכער עס איז סבה, געשעהען אזא פערברעכען. צוליב עטישע טעמים מאַכט דאס יודישע געזעץ, די תורה, מיט-פעראנטוואָרטליך, אין א אנדערע מאָס און פאָרם. די געזעלשאפט, וואס אין איהר סביבה איז געשעהען א מאָרד. מען האָט נישט געוואָלט צולאָזען בלויז צום געדאנק, אז צווישען זיי געפינט זיך דער, וואָס האָט אויסגעפיהרט דעם מורא'דיגען טהאט..

א לאַנגע צייט איז אָבער אָבגעלאָזען זייט דעמאָלט אנדערע תורות האָבען זיך געשאַפען, אנדערש ווערט פערשטאַנען, אויסגעטייטשט און בענוצט „עטישע טעמים".. מיר לעבען אין א צייט פון דעוואלואציע פון די אינטעלעקטועלע אוצרות. אין א צייט, העט די פרייע פראָפעסיעס ווערען בעהאנדעלט דורך דער אינטעליגענץ זעלבסט, ווי יעדער איינער אַנדערער פיזישער פאַך... די הויך-שולען, ווערען יעצט בעטראכט, ווי א איינפאכע האנדווערקער-שולע. די לעהרע האט פערלוירען איהר אינהאלט... דער שטודיום, אלס א זעלבער, א'יעקגעוואָרפען און שימעלט אין א ווינקעל... דאָס קינד, וואָס הויבט אָן בעזוכען די שולע, רעכענט און צעהלט ווי א טערמינאַטאָר, א לעהריונגעל די צייט ביז מאַטורא. דער אַקאַדעמיקער האט אין ערשטער ריי זיך צו פערטראכטען, וועלכער פאַך, איז מעהר לוינענד... און עס איז דעריבער א גאַנץ פערשטענדליכע זאך, ווען ביי א זעלכע בעדינגונגען קומט דער ה' א. ס. אין פאָריגען נומער פון אונזער צייטונג און שטעלט אַוועק א פראגע, וואָס בעטראכט די געפאהר פון וועלכע עס ווערען בעדראָהט דאס לעבען פון א גרויסער טייל פון דער יודישער בעפעלקערונג, אלס א ענין פון „לינת הצדק" און „טאָז"... אויב דער דאָקטאָר פון „לינת הצדק" האָט געהאט נוצען און פונ'ם „טאָז"—נישט... און דעקט זיך דערמיט, וואָס „צוליב געוויסע עטישע טעמים" האָבען די דאָקטוירים פון דעם צד, נישט געקענט מיטארבייטען מיט דעם צווייטען צד...

די געזעלשאפט בלוטיגט צוליב דעם קאמפף פונ'ם דאָקטוירים-שטאַנד און אָהן אונטערשיד צו וועלכען צד דער „קארפוס דעליקטי" געפינט זיך נעהנטער... אַנשטאַט ריינצוואשען און אָנווייזען, אז די הענד האָבען דאָס בלוט נישט פערגאָסען... געהט דער ה' א. ס. ארויס פונ'ם שטאנדפונקט, אז צוליב „עטישע טעמים" איז ער שוין געוועזען בערעכטיגט „יאָ" צו ערטיילען הילף דעם ליידענדען אָדער, נישט... און מאַכט סטאטיסטישע חשבונות פון געלדער, וואָס זענען אויסגעגעבען געוואָרען דורך דער אָדער יענער געזעלשאַפט. און קענען אונז אָבער ווייניג וואָס פעראינטערעסירען אין פערגלייך מיט די סכנה, וואָס שטעהט פאָר און די קרבנות, וואָס פאַלען צוליב'ן קאמפף.

און נאָכדעם ווי איך האָב מיר ערלויבט מאריך צו זיין ארום דעם נאָמען אין ענין פון „עטישע טעמים" וועל איך מיר ערלויבען פרעגען דעם ה' א. ס. אויב דאָס בעקעמפען דעם בעקאנטען ד"ר זילבערשלאָג ער זאָל נישט בעשטימט ווערען אלס הויפט-אָרדינאַטאָר פונ'ם יודישען שפיטאל אין קעלץ און דערפיהרט, אז דער פלאַץ זאָל בעזעצט ווערען דורך ד"ר זאקושעווסקי איז אויך געשעהען „צוליב געוויסע עטישע טעמים"!...

דערפיהרען א אָפענעם חילול-השם אז יעדעס מאָהל זאָל א אַנדערער יודישער דאָקטאָר פערנעהמען די בעשולדיגונג'ס באנק, איז עס אויך נור „צוליב געוויסע עטישע טעמים"...?

איך וואָלט געקענט שטעלען א לאַנגען צעטעל מיט פראגען, אָבער איך וויל ווירקליך, נישט פערשארפען דעם ענין, נור ליקווידירען און געפונען א מיטעל ווי א סוף צו מאכען צו דעם פער'בשופ'טען ראָד ארום וועלכען עס דרעהען זיך די אלע אומגליקען. אויך וואָלט איך גערן נישט צוגעלאָזט צו קיין פראוואָקאַציעס, און זיך וועלען אריינלאָזען אין אַ פאָלעמיק, וואָס וואָלטען אפשר דורך אונפאָרזיכטיגקייט נעקענט אריינגעצויגען ווערען און שטרעבען אויפצוווייזען, אז די מכשירים פון „לינת הצדק" זענען נישט געוועזען „גאַנץ איבריג" און האָבען „אפשר" אַין א געוויסער מאָס געבראַכט נוצען... און די פראַגע פון אריבערברענגען דעם גינעגאָקאָלאָג איז אויך די „מעשה" גאַנץ אנדערש און מען וואָלט אפשר געבריכט אַנאַליזירען דעם גאַנצען ענין...

דער חבר „אַ קעלצער" האָט פאַר דער עפענטליכקייט נישט געשטעלט די פראַגע בעשולדיגער און בעשולדיגטע, ווי עס וויל עס טהון ה' א. ס. נור אויב דער רוף צו שלום זאָל זיין פון ה' א. ס. א אויפריכטיגער און דאָס זאָל זיין דער ערשטער פויגעל, וואָס זאָגט אָן א נייעם פריהלינג, וואָלט איך איהם הייס בעגריסט און וואָלט אָהן שום ריקזיכט און תנאי בעקעמפט דעם צווייטען צד, וואָס וואָלט געפרובט די האַנד, וואָס ברענגט שלום, אָבצושטויסען. ווייל דער ענין האָט שוין לאַנג אויפגעהערט צו זיין א פערזענליכער און זיך פערוואַנדעלט אין אַ געזעלשאַפטליכען סקאַנדאַל, וואָס האָט אפשר נישט זיין גלייכען. און דעריבער האָט יעדער איינער דאָס רעכט צו אונטערוועגירען און עפענטליך צו פראָטעסטירען געגען דעם צער, וואָס ווערט פערשאַפט און פיינוגט זייט א לאַנגע צייט די געזעלשאַפט.

איך וויל האָפען, אַז די פערהיפּנאָטאָזירטע דורך די אינטריגעס פון אונפעראַנטוואָרטליכע און אפשר פערזענליך פעראינטערעסירטע אינדיווידיום'ס וועלען זיך ענדליך אויפכאַפען פון זייער לעטאַרגישען שלאָף און אַ סוף מאַכען צו דער מלחמה און אָבשליסען דאָס נישט איבריג שעהנע קאַפּיטעל פון דער נאָהענטער פערגאַנגענהייט און אויך בעפרייען די פרעסע פון דער נישט אָנגענעמער מיסיע...

H.

### וועהלער, קאָנטראָלירט, אויב איהר פיגורירט אין די וועהלער-רשימות צום סיים און סענאט!

יעדער איינער בירגער פון דער פוילישער רעפובליק אָהן אונטערשיעד פון געשלעכט און איז דעם 5 גרודזיען 1927 אַלט געוועזען 21 יאָהר האָט רעכט צום סיים.

אויב דער וועהלער איז דעם טאָג פון 5/12 אַלט געוועזען 30 יאָהר און וואָהנט אין דעם וואָהל-קרייז 1 יאָהר האָט וואָהל-רעכט צום סענאט.

מיליטער-לייט אין אקטיווען דינסט האָבען נישט קיין וואָהל-רעכט.

יעדער וואָהל-בערעכטיגטער קאָן נור דאן וועהלען, ווען ער איז אַריינגעטראָגען אין די וועהלער רשימות.

די וועהלער-רשימות ליגען צום אָדורכזעהען יעדען טאָג אין מאגיסטראט אויף דעם זאַל פון שטאָדט-ראט וואו יעדע וואָהל-בערעכטיגטע פערזאָן האָט דאָס רעכט צו קאָנטראָלירען אויב ער אָדער זיינע בעקאנטע זענען ריכטיג אריינגעטראָגען אין די רשימות.

עס זענען דאָ צוויי-ערליי רשימות צום סיים און צום סענאט. אין ביידע פאַלען איז צייט צו קאָנטראָלירען נור ביז דעם 15 סטיצען 1928 יאָהר. אין דער קורצער צייט דאַרף יעדער איינער נאָכזעהן און ווען ער געפינט אין, אַז ער אָדער זיינע בעקאַנטע זענען נישט אריינגעטראָגען אין דער רשימה צום סיים אָדער צום סענאט דאַרף ער באַלד רעקלאַמירען.

די רעקלאַמאציע קען אָבגעגעבען ווערען שריפטליך אָדער מונדליך צום פּראָטאָקאָל און מוזען אונטערשטיצט ווערען מיט בעווייזען. ד. ה. אז דער וואָס איז נישט אריינגעטראגען אין דער רשימה דאַרף ברענגען א מעלדונג'ס-צעטעל פון דעם מעלדונג'ס-אַמט, וואָס געפינט זיך ביים מאגיסטראט, אַז דער וועהלער וואָהנט אין דערמאַנטען וואָהל-קרייז.

ווען איינער געהט איבער פון איין וואָהנונג אין דער צווייטער און איז צוליעב דעם נישט אַריינגעטראָגען אין איינעם פון די רשימות דאַרף אין דער בעשייניגונג אָנווייזען, אז ער וואָהנט שוין אין שטאָדט מעהר ווי אַ יאָהר, נור אין אַ אנדער וואָהנונג.

מיר דערמאָנען אָבער נאָך א מאָהל, דער לעצטער טערמין פון אָנגעבען די אָנקלאַגעס איז דער 15 היינטיגען חודש: נאָך דעם טערמין פערלירט מען די רעכט פון רעקלאַמירען און ממילא די וואָהל-רעכט.

עס ליגט א הייליגער חוב אויף יעדען נאַציאָנאַלען יוד נאָכצוזעהען אויב ער איז ריכטיג (לויט ווי ער הייסט) אַריינגעטראָגען אויף די וועהלער-רשימות בעזונדער צום סיים און בעזונדער צום סענאט.

## פון דער קראַנקען-קאַסע.

ווי עס גיהען ארום קלאנגען, זאָל דער אויפזיכטס-ראט פון דער קראַנקען-קאַסע נישט האָבען בעשטעטיגט דעם ה' בוראק אלס דירעקטאָר פון דער קראנקען קאסע אין קעלץ.

דעריבער זאָל אין דער קורצסטער צייט בעשטימט ווערען א קאָנקורס אויף דעם אמט.

---

מיטוואָך דעם 28-טען דעם פ. ח. איז פאָרגעקימען דער גורל לויט'ן פאָר-געזעהענעם רעגולאַמין, אין דער קראנקען קאסע איבער די מיטגלידער פון דער פערוואַלטונג, וועלכע דאַרפען אַרויסטרעטען דאָס יאָהר פון דער פערוואלטונג.

עס זענען אויסגעלאָסעזעט געוואָרען די ה"ה טאַמאַשעוסקי, ה. לעווי און סאַבירייסקי. אויף זייער אָרט וועלען געוועהלט ווערען דורכ'ן ראט אנדערע דריי מיטגלידער אין דער פערוואלטונג אריין.

---

## די האנדווערקער-קאַמער.

אין נומער 117 פון דזיענניק אוס-טאַוו איז בעקאנט געוואָרען, אז איינע פון די 17 האנדווערקער-קאמערן, וואָס ווערען געשאַפען אין פוילען, וועט זיך געפינען אין קעלץ.

---

## די אלגעמיינע פערזאמלונג פון דעם יודישען הויז-ווירטען פעראיין.

זונטאג דעם ערשטען ד. ח, איז אין לאָקאל פון דער יודישער גמינע פאָר-געקימען די אלגעמיינע פערזאמלונג פון דעם יודישען הויז-ווירטען-פעראיין אין קעלץ. די הויפט-פראגע איז דאָס שאַ-פען א קאָאָפעראטיווען - באנק פאר די מיטגלידער פון דעם הויז-ווירטען-פער-איין. לויט'ן סטאטוט קענען אלס מיט-גלידער זיין אויך סוחרים אָבער נישט מעהר ווי 25 פראָצענט פון דער אל-געמיינער צאָל מיטגלידער.

די פערזאַמלונג עפענט דער פרעזעס פון פעראיין ה' ראַטמאן, וועלכער לאַ-דענט אין די ה"ה הערמאן לעווי, פער-לין און וויינריב אלס אסעסאָרען. דער פאָרזיצענדער ערקלערט די בעדייטונג פון אזא באָנק פאר די יודישע הויז-ווירטען, ניט איבער די טעטיגקייט פון דער ביז יעצטיגער אָרגאניזאציאָנס-קאָ-מיסיע און בעט די אנוועזענדע זיך ארויסזאָגען וועגען דער פראגע. עס פערשרייבען זיך צום וואָרט דער ה' הערמאן לעווי, וואגנאנסקי, אסטראָוויץ, גוטמאַן און סערוועטניק. אלע זאָגען זיך ארויס פאר דאָס שאַפען אזא פי-נאַנץ-אינסטיטוציע אויסער דער ה' גוטמאַן, וועלכער לענט פאָר צו פער-איינינען זיך מיט דער שוין עקזיסטי-רענדער „באנק קיפיעצקי", אָדער וי איבעראָנשטאָלטען אין אזא אינסטיטוצ-יע, ווי די פערזאמעלטע פערלאנגען, אזא מין פאָרשלאָג ווערט אָבער נישט אָנגענומען, דעריבער ווערט כמעט איינשטימיג אָנגענומען צו שאַפען א זעלבסטשטענדיגע באנק און ספעציעל פאר די אינטערעסען פון די יודישע הייזווירטען אין קעלץ.

מען טרעט צו לעזען דעם סטאַטוט אין וועלכען עס ווערען געמאַכט אויך איינינע פערבעסערונגען. נאכ'ן איבער-לייענען און אננעמען דעם סטאַטוט טרעט מען צו צו דער סובסקריפציע פון די פייען. אלע אַנוועזענדע פער-שרייבען זיך פאר מיטגלידער און יע-דער לויט זיין יכולת פערשרייבט זיך אויף א געוויסע צאָהל פאַיען.

צוליב דער שפעטער שעה ווערען די וואַהלען צו דער פערוואַלטונג און ראַט אָפגעלעגט אויף שבת צונאכט דעם 7-טען סטיציען אין דעם זעלבען לאָ-קאל.

---

## פון דער געז „גמילת חסד" אין קעלץ.

זונטאג דעם 25 דעצעמבער איז אין לאָקאל פון סוחרים-פעראיין פאָרגעקו-מען די זיצונג פון ראט פון דער געז. „גמילת חסד" אין קעלץ. אויפ'ן טאָג-אָרדנונג איז געווען פיל וויכטיגע ענין-נים, וועלכע האָבען א דעצירענדע בע-דייטונג פאר דער ווייטערדיגער טעטיג-קייט פון דער געזעלשאַפט.

אויפ'ן ערשטען אָרט איז געשטאנען די פראגע וועגען דער רעזיגנאציע פון דעם פרעזעס פון דער עקזעקוטיוו ה' ד"ר לעווינזאָן. דער פאָרזיצענדער ה' לעווי האָט איבערגעלעזען דעם בריוו פון ד"ר לעווינזאָן צו דעם ראַט, אין וועלכען ער זאָגט זיך אָב פון זיין מאַנ-דאַט. דער בריוו רופט ארויס הייסע דעבאַטען און נאָך לאַנגע וויכוחים ווערט בעשלאָסען צו שיקען א דעלע-גאַטיע פון צוויי פערזאָן צו בעקענען זיך מיט די סיבות צוליב וועלכע דער ה' דאָקטאָר לעווינזאָן רעזיגנירט און ווי אויך אנזיענדען אלע מיטלען, אז דער ה' לעווינזאָן זאָל אָננעמען צוריק דעם מאנדאַט.

דער בעשלוס ווערט איינשטימיג אָנגענומען און עס ווערט אויסגעקלי-בען א דעלעגאַציע פון די ה"ה מינצ-בערג, אייזענבערג און קופערמינץ.

אויפ'ן טאָג-אָרדנונג שטעהט א וויכ-טיגע פראַגע וועגען צופאַסען דעם מיטגליד'ס איינצאָהלונג לויט די מאַ-טעריעלע מעגליכקייטען פון די, וועלכע ווילען ווערען מיטגלידער פון דער געז. „גמילת חסד"

עס איז אויך אויפ'ן טאָג-אָרדנונג די בעשטעטיגונג פון א הלוואה פון 4000 זל. צו קענען אנטקעגענקומען ספעציעל פאָר סוחרים, וועלכע דאַרפען אויסקוי-פען פאַטענטען. צוליב דעם אָבער וואָס די זיצונג האָט זיך שפעט פערצויגען ווערען די אלע פראגען אָבגעלעגט אויף דער נעכסטער זיצונג, וועלכע דארף פאָרקומען ניט שפעטער ווי אין צוויי וואָכען ארום.

---

## פון „ט אָ ז"

די געז. „טאָז" אָרדענט איין א רעפ-רעזענטירונג'ס באַל דעם 4 לוטי, דער גאנצער איינקופט וועט געהן לטובת דער געזעלשאַפט, וועלכע טרעט צו צו א אינטענסיווער מעדיציניש-היגיענישער טעטיגקייט.

---

## ווייטערדיגע פאָרשטעלונגען פון לידא פאָטאָצקאַ אין קעלץ.

נאָך דעם גרויסען ערפאָלג פון די ערשטע דריי פאָרשטעלונגען פון דער פרוי לידא פאָטאָצקאָ, איז לויט'ן פער-לאַנג פון פובליקום, וועלכער איז ענט-ציקט פון דעם שפילען, געבליבען נאָך אויף דריי פאָרשטעלונגען. פרייטאָג דעם 6-טען ווערט אויסגעפיהרט די פיעסע „פון יענער וועלט". שבת דעם 7-טען סטיטשען „צווישען פרעמדע", זונטאג צום לעצטען מאָהל די בעקאנ-טע איינמאָהל געשפילטע אין קעלץ „ראָמאן" א פיעסע אין דריי אקטען פון שעלדאן מיט אָ פראָלאָג און עפי-לאָג.

---

## ענטפער פון דער רעדאַקציע

דער בריעף צו דער רעדאָקציע פון דער פערוואַלטונג פון דער געזעלשאַפט „טאָז" האָט צוליב זיין גרעסערען אינ-האַלט נישט געקענט אריין אין היינטי-גען נומער און וועט געהן אין נומער פון קומענדיגע וואָך.

---

# ראדאמער כראניק
## פון „מכבי"

ענדליך איז דער ראדאמער „מכבי" לעגאליזירט געווארען, וואס עס גיט איהם די מעגליכקייט זיך צו ענטוויקלען אין א ברייטער מאסשטאב. צוליעב דעם, וועט דעם שבת, דעם 7/1 ד. ח. אום 4 30 נ. מ. אין לאקאל פון דער געז. „עזרה" פארקומען א אויסערגעוועהנליכע אלגעמיינע פערזאמלונג צו וועהלען א אנגעזעהענע פערוואלטונג, וועלכע זאל רעפרעזענטירען דעם קלוב אום ער זאל פערנעהמען דאס ענט-שפרעכענדע ארט וואס „מכבי" קומט.

די צייטווייליגע קאמיסיע.

---

ביי פעהלער גרויגענבליכער הויט-פארבונג מאטיגקייט פון די אויגען, שלעכט פינדען זיך טרויריגער שטימונג, שווערע טרעמע, מאגענשמערצען, קאפבראך, און קראנקהייטסוואהן איז עס ראטזאם עטליכע טעג אויפ'ן ניכטערן מאגען איין גלאז נאטירליך ביטער-וואסער **Franciszka Józefa** צו טרינקען אין דאקטוירישע ספערען ווערט דאס „פראנץ-יאזעף" וואסער אנגעווענדעט ווייל עס לייזט אויס פון פיעל קרענק.

---

צו די האכצייט פון אונזער חבר

**איטשע באנדע** מיט פרל' **הינדע פאלאנט**

ווינשט זיי א גליקליכע צוקונפט און א הארמאניש צוזאמענלעבען.

**יוד. ספארט-קלוב „מ כ ב י" אין פשיטיק.**

---

**RODZINIE KOTLAR**
z intencji zaręczyn syna Ich
p. **Maurycego**
z p. **E. Fuksówną**
serdeczne życzenia składają
*Senatorowie.*

---

### ענטשולדיגונג

איך בעט ענטשולדיגונג ביים ה' **יונה הערשענשטרוי** פאר מיין נישט טאקטישע האנדלונג נעגען איהם אין א זעהר איפגערעגטען מאמענט. מיט ד"א

**אברהם הירש יודענהערץ.**

---

## מ נ ח מ י א ב ל י ם.

דינסטאג דעם 27/12 איז פארגעקומען א בלימעל פערקויף. עס האבען געזאמעלט פאלגענדע: פר' זילבערבערג, פר' גלאזמאן, גוטמאן מיט ה' ראזענשטיין, ה' בירענבוים מיט ה' ראזוקע, פר' קירשענבוים מיט ה' מייטענבערג. דאס לעצטע פארל האט געשלאגען רעקארד. ס"ה איז געזאמעלט געווארען 116 56 ז". די פערוו. דאנקט די זאמלער אויך אויף הייער נישט צו פערגעסען אין די וויכטיגע געזעלשאפט.

פרעזעס **אביש בירענבוים**

פערוו.-מיטגליד סעק. **מיכל ריכטמאן**

---

די דירעקציע פון די גימנאזיומס

# „פשיאטשול וויעדזי"
## איז ראדאם.

מאכט בעקאנט אז די **עקזאמענס** פון די פארשול ביז די זעקסטע קלאס איינשליסליך וועלען פארקומען **זונטאג** דעם 8 טען כטיפשען ה. י. 4 נאך מיטאג אין לאקאל פון גימנאזיום אויף קילינסקא № 13.

צו די זיבעטע און אכטע קלאסען וועלען קיין נייע שילער נישט צוגענומען ווערען.

**ד י ד י ר ע ק צ י ע.**

---

## א פאהר-געזונד

א הארציגען פאהר-געזונד ווינשען מיר אונזער חבר און בעסטען פריינד **זלמן ליטוואק** צו זיין אבפאהר נאך טאראנטא (קאנאדע) זאל זיין צוקונפט אין נייעם לאנד צוזאמען מיט זיין אויסדערוועהלטע **רחל'ע קירשענבוים** זיין אימער בעלויכטען מיט גליק און זייערע אלע שטרעבונגען זאלען פערווירקליכט ווערען.

**פייגעלע הערץ און דוד שיינבוים.**

---

# ZENITH



**„זעניט"**
**ז י י ג ע ר י ל**
איז עלעגאנט,
פראקטיש,
דויערהאפט
און ריכטיג.

---

שבת דעם 7 טען 4.30 נ. מ. קומט פאר אין „עזרה"

**א אלגעמיינע פערזאמלונג** פון דער ספארט געזעל. „מכבי"

צווישען די פערשידענע פונקטען אויפ'ן טאג-ארדנונג וועט אויף דער אלגעמיינער פערזאמלונג אויסגעוועהלט ווערען א נייע פערוואלטונג.

**צייטווייליגע פערוואלטונג.**

---

## **KINO CORSO TEATR**

Od poniedziałku 2-go stycznia
i dni następnych
**Święto kinematografji Polskiej!**
Perła sceny Polskiej Marja Malicka
w pierwszym filmie morskim
# ZEW MORZA
w 12-tu wielkich aktach.
w rolach głównych
Marjusz Maszyński,
Jerzy Marr i inne.

---

## **KINO ODEON KINO**

Od poniedziałku 2-go stycznia b. r.
Najnowszy szlagier obecnego sezonu
p. t.
# NIEWOLNICA
# z
# SZANGHAJU
najpotężniejsze arcydzieło osnute
na tle zbolszewizowanych CHIN.
**Rzecz dzieje się w Szanghaju, Pekinie i Kantonie.**

---

## וויכטיג פאר ראדאם און פראווינץ!

עס ווערט אויסגעארבייט **קאלדרעס וואטאווע**

אלערליי סארטען: **סאטינענע, וואלענע, זיידענע**

עס ווערט אויך אנגענומען איבערצוארבייטען.

צוגענגליכע פרייזען, רעיעלע בעהאנדלונג. ווי אויך אויף ראטעס.

נאר אויפ'ן **וואל № 17** (ערשטער שטאק פראנט).

---

Drogiej naszej koleżance **Feli Frajdas**, z powodu śmierci Jej

# B. P. OJCA

wyraża najgłębsze współczucie

*kl. VI Gimnazjum „Przyjaciół Wiedzy"*

---

Wyrażamy szczere współczucie koleżance naszej, **Stefie**, z powodu przedwczesnego zgonu jej **OJCA**

# B. P. ELJASZA FRAJDASA

Koleżanki i Koledzy
*IV klasy gim. „Przyjaciół Wiedzy".*

---

דעם טיפסטען מיטגעפיהל דריקען מיר אויס דער פאמיליע **פריידאס** און **קינדער** צוליב'ן פריהצייטיגען טוידט פון זייער **מאן** און **פאטער**

# אלי פריידאס נ. ע.

זאל זיי גאט טרייסטען בתוך שאר אבלי ציון וירושלים.

**שמואל קארמאן** מיט פאמיליע.

---



**Zdrowie naszych dzieci**

*powoduje szczęście i harmonję całej rodziny. Każde dziecko powinno przynajmniej w ciągu kilku tygodni w roku zażywać tran rybi, który jest źródłem witamin. Najlepszy w smaku jest tran pod postacią wypróbowanej Emulsji Scotta Żądajcie w aptekach i składach aptecznych tylko oryginalnej*

**EMULSJI SCOTTA**

---

# Felczer H. GRINSZTAJN Zgodna 1, tel. 303.

Redaktor i Wydawca CH. M. HERC

Odbito we własnej drukarni, Radom, Szwarlikowska 20.